אנשטאט א תפילה זכה.

# ווער האט איינגעפֿיהרט יום כפור

. . . א ו ן . . .

# פֿון וואנען שטאמט די תורה?

פֿון

ב. פייגענבוים.



(צווייטע אויפֿלאַגע).

אַרויסגעגעבען פֿון דער גרופע „פֿרייהייט".



LONDON,

AUGUST, 1905.



## 1. וואס איז יום כפור אין מקור ?

יום כפור איז דער וויכטיגסטער, הייליגסטער טאָג אין די אידישע רעליגיאָן. אין אַ טהייל מקומות רופֿט מען איהם זאָגאַר „יום קדוש", הייליגער טאָג. עס זיינען דאָך דאָ אַסך הייליגע טעג; אין יעדע וואָך איז דאָך דאָ אַ הייליגער טאָג — שטייט דען ניט באַלד אין די ערסטע פרשה פֿון דער תורה, אז „גאָט האָט געבענשט דעם 7-טען טאָג (שבת) און האָט איהם געהייליגט ?" דאָך רופֿט מען יום כפור „דער הייליגער טאָג" ד.ה., אַז דער טאָג איז דער אַלערהייליגסטער.

נאָר צו וואָס דאַרף מען דען אַרום דעם אַסך רעדען ? יעדער וואָס לעזט דאָס, ווייס גאַנץ גוט, אַז יום כפור איז אַ מ ו ר א׳ד י ג הייליגער טאָג,— אַ שרעקליכער טאָג ; אַ טאָג, אין וועלכען דאָס גאַנצע ביסעל אידעשקייט איז צוזאַמענגעפרעסט; אַ טאָג, אין וועלכען עס ליגט דער גאַנצער עסענץ פֿון די אידישע אמונה ; מיט איין וואָרט, אַ טאָג, וועלכער איז דער רעליגיעזער ברען-פונקט, וואָס אין איהם ציהען זיך צוזאַמען אַלע שטראַהלען פֿון דעם הייליגען נר תמיד פֿון די אידישע רעליגיאָן.

פֿאַרוואָס איז עפּעס דער טאָג אַזוי שרעקליך הייליג ? ד.ה. וואָס בעדייט זיין הייליגקייט פֿאַר די גלויביגע פֿון גרונד אויס ?

היינט „ווייס" מען, אַז אין יום כפור ווערט אַרויפֿגעלעגט דער לעצטער זיגעל אויף׳ן מזל, וואָס ווערט בעשטימט אין הימעלשען געריכט פֿאַר׳ן איד אויף אַ גאַנץ יאָהר. און אַזוי ווי אום צו ווייסען וואָס פֿאַר אַ מזל מען זאָל איינעם געבען, וועגט מען זיינע מצוות מיט

די עברות, מוז מען זעהן, מען זאָל זיך דעם טאָג שטאַרק פֿערגעטערן, הייליגען, רייניגען, כדי עס זאָל צוקומען וואָס מעהר געוויכט צו די וואָגשאָל פֿון די זכיות.

מיט אַנדערע ווערטער: דעם טאָג זיצט דער רבונו של עולם און טהיילט צו יעדען זיין טהייל אויף א גאַנץ יאָהר, און דאָ ווענדעט זיך ווי ער פֿערהאַלט זיך צו איינעם: איז ער צו איהם פֿריינדליך, וועט ער איהם צוטהיילען אַ וואוילען חלק; איז ער אָבער אויף איינעם ברוגז, איז ער אויף איהם מלא רציחה, און — בעהיט זאָל מען ווערען וואָס פֿאַר אַ מול ער גיט איהם! הכלל, דאַרף מען דאָך זעהן זיך מיט דעם אויבערסטען איבערצובעטען („כפר פניו" אויף לשון קודש, דעריבער הייסט עס „יום כפור", איבערבעטונג'ס־טאָג), מען מוז, בקצור, זעהן צו ווערען מיט איהם דעם טאָג גוט־פֿריינד. נו, אויף אַזאַ אופן, פֿערשטעהט זיך דאָך, אַז מען מוז אין דעם טאָג אַרויסברענגען פֿון זיך די גאַנצע קראַפֿט פֿון פֿרומ־קייט און אידעשקייט, וואָס מען האָט נאָר אין זיך. דעריבער איז דאָס יום כפור אַ טאָג, וואָס אין איהם ווערט צוזאַמענגעצויגען די גאַנצע קראַפֿט פֿון אידישקייט.

ווי מען זעהט, איז דאָס היינט אַ פֿראַגע פֿון איינענע אינטערעסע. גיי זיי ניט פֿרום אין אַ טאָג, אין וועלכען עס ווענדעט זיך אָן דיין פֿרומקייט, צו דו זאָלסט אָבלעבען אַ יאָהר אין גליק און פֿערגניגען, אָדער אין צרות און יסורים!

אויף אַזאַ אופן איז עס דאָך ווייטער אַ פּראַקטישע געשעפֿט-זאַך...

נאָר צו עהרע פֿון דיזען שרעקליך הייליגען טאָג, לאָמיר באַלד אויסזאָגען דעם סוד, אַז פֿון די גאַנצע מעשה מיט „די חתימה אויף'ן קוויטעל" וואָס ווערט געלעגט אום י"כ, איז מען ערסט אין שפעטערע יאָהרען „געוואָהר געוואָרען". אין די סאַמע תורה אַליין, וואו עס שטעהט געשריבען מען זאָל האַלטען י"כ, איז ניט דערמאָנט אפילו אַן אָנצוהערעניש, אַז דאָס וועט זיין אַ „יום הדין" און מען וועט אין איהם אָנשרייבען און אָנ'חתמה'נען.

וואָס דען, שטעהט דאָרטען, זאָל דער „י"כ" זיין? דאָרט שטעהט

נור, אַז דאָס זאָל זיין דער הויפּט-טאָג פֿון גאָטעס-דינסט, פֿון שטאַרק איבערבעטען-זיך און שלום מאַכען מיט גאָט,—גאָר ניט כדי צו קריגען פֿון איהם גראַד אין דעם טאָג אַ גוטע חתימה, נור סתם, ווייל עס איז איבערהויפּט ניט קיין גוט געשעפֿט צו האָבען דעם שרעקליכען מעכטיגען גאָט פֿאַר אַ שלעכטען פֿריינד, און עס איז טאַקע ניט פֿיין אויך. ניט מעהר, דער טאָג זאָל זיין ס פּ ע צ י ע ל בעשטימט פֿיר אַ גאַנץ בעזאָנדערס שטאַרקע פֿעראייניגונג מיט גאָט.

איבערדעם הייסט מען דאָרט, דעם טאָג מ ק ר י ב ז י י ן אַ ס ך ק ר ב נ ו ת צו גאָט, כדי איהם מיט דעם איבערצובעטען; די כהנים הייסט מען דעריבער מאַכען בעזאָנדערס גרויסע און פּאַראַדנע צערעמאָניעס אין בית המקדש אין דעם טאָג; דער כהן גדול אַליין זאָל דעם טאָג אָבריכטען דעם סדר פֿון גאָטעס-דינסט אין זיין הייליגען טעמפּעל, אָנגעטהאָן אין בעזאָנדערס הייליגע און פּאַ־ראַדנע קליידער פֿון גאָלד א.ז.וו. — מיט איין וואָרט, דאָס זאָל זיין דער גרעסטער פּאַראַדנער טאָג פֿון די רעליגיאָן,—דער צענטראַלנער טאָג פֿון גאָטעס דינסט און קרבנות-ברענגען אין דעם צענטראַלנעם פּונקט פֿון די אמונה, אין בית המקדש, אין וועלכען די כהנים, מיט'ן כ ה ן ג ד ו ל איבער זיי, זיינען די גאַנצע מאַכערס.

דאָס איז דער מקור פֿון יום כפּור און דאָס איז זיין עיקר—זין. יעדערער, וואָס וויל זיך נעהמען די מיה איבערצולייענען, דער עיקר, די ערסטע פרשה פֿון אחרי מות, וועט דאָס גלייך אַרויסזעהן דייטליך.

און היינט וויים מען. דאָך אייגענטליך אויך, אַז דער עיקר פֿון'ם י"כ איז די פּאַראַדנע עבודה מיט די ק ר ב נ ו ת פֿון'ם כהן גדול אין בית המקדש; נאָר אַזוי ווי היינט האָבען מיר דאָך „בעוונותינו הרבים" ניט קיין בית המקדש און ניט קיין כהן גדול, מוזען מיר דערווייל דאַווענען און זאָגען אויף דעם אָרט די יוצרות, וואָס זיינען פֿול מיט עראינערונגען פֿון דיזע קרבנות, בעזאָנדערס די „עבודה", אום כאָץ צו דערמאָנען מיט ווערטער די הערליכע פּאַראַדע, וואָס אונזערע כהנים גדולים פֿלעגען מאַכען דעם טאָג אין ירושלים, און דערביי זאָל מען ווערען צוקאָכט פֿון די שעהנע, הערליכע,

ריהרענדע פּאַראַדע און בעוואַשען זיך מיט ביטערע טרערען, פֿאַרוואָס מיר האָבען אַזאַ טהייערע זאַך פֿערלאָרען.........

מילא, הקיצור, דער עיקר פֿון י״כ איז די גרויסע הערליכע קרבנות־צערעמאָניע אין בית המקדש, אויסגעפֿיהרט פֿון׳ם כהן גדול אין זיינע גאָלדענע קליידער, און דאָס מאַכט דעם טאָג פֿאַר אַזאַ שרעקליך הייליגען, פֿאַר׳ן ברען-פּונקט פון די אידישע רעליגיאָן.

* * *

פֿון וואַנען אָבער שטאַמט דער הייליגער טאָג? ווער האָט איהם איינגעפֿיהרט? ווען האָט מען איהם איינגעפֿיהרט?

יעדער גלויביגער, און אויך יעדער ניט-גלויביגער וואָס איז ניט בעקאַנט מיט דער זאַך, וועט געווים דיזע פֿראַגע גאָר ניט פֿערשטעהן. וואָס הייסט דאָס עפּעס פֿון וואַנען דער י״כ שטאַמט? פֿון וואַנען שטאַמט דען די גאַנצע אמונה? פֿון די תורה, נאַטירליך. משה רבינו האָט געגעבען אַ תורה און האָט איינגעפֿיהרט אַ שבת מיט ימים טובים און אויך דעם י״כ. שטעהט דען ניט בפרוש אין דער תורה, אַז מען זאָל מאַכען יום כפור.

דאָך, כאַפּט נאָך ניט: מיר ווילען אייך דאָ באַלד בעווייזען, אַז דאָס איז נאָך גאָר ניט אַזוי פשוט, ווי איהר מיינט. מיר ווילען אייך דאָ נאָר אַוועקשטעלען עטליכע פֿאַקטען, און איהר וועט שוין אַליין פֿון זיי זעהן, אַז עס איז עפּעס גאָר ניט אַזוי גלאַט.

## 2. צוויי מאָל פיער קשיות.

1.) אין פרשה משפטים שטעהט בפרוש געשריבען דיזע ווערטער: „דריי ימים טובים זאָלסטו מיר פֿייערען אין יאָהר", און עס שטעהט אויסגערעכענט פסח, שבועות און סכות. פֿון קיין י״כ — דעם הייליג-סטען טאָג! — שטעהט גאָר ניט דערמאָנט! (ר״ה אויך ניט.)

2.) אין פרשה ר א ה שטעהען ווידער אויסגערעכענט אַלע ימים טובים, וואָס מע זאָל האַלטען, און עס שטעהט ווידער ניט דערמאָנט אַ וואָרט, ניט פֿון ראש השנה, ניט פֿון יום כפור.

3.) דריי מאָל שטעהט נאָר דערמאָנט, מע זאָל מאַכען י״כ, אָבער

אַלע 3 מאָל נ אָ ר ב י י ד י ק ר ב נ ו ת ; צוויי מאָל אין דער אַבטהיילונג פֿון קרבנות, אין ויקרא, און אַ דריטען מאָל אין פרשה פנחס, אויך וואו עס שטעהען אויסגערעכענט די קרבנות, וואָס מע זאָל מקריב זיין צו גאָט.

4.) אין די גאַנצע איבעריגע 19 ספרים פֿון די „עשׂרים וארבע'ס (תנ"ך)— אין די הייליגע ספרים, אין וועלכע עס שטעהט בעשריבען, וואָס עס האָט זיך פּאַסירט מיט די אידען אין פֿערלויף פֿון א י ב ע ר ט ו י ז ע נ ד י אָ ה ר — אין פֿערלויף פֿון די גאנצע רעכטע געדיכטע צייט, ווען די אידען זיינען געווען אידען אין זייער אייגענע מלוכה, — אין דיזע אַלע ספרים א י ז נ י ט ד ע ר מ אָ נ ט ק י י ן א י י נ צ י ג ע ס וואָ ר ט ו ו ע ג ע ן אַ י ו ם כ פ ו ר , וואָס די אידען זאָלען אַ מאָל האָבען געהאַלטען ! טויזענד יום כפור'ס זיינען איבער דער צייט געווען, און וועגען די אַלע טויזענד ו ו י כ־ ט י ג ס ט ע פּייערטעג פֿון די אידישע אמונה זאָל זיך ניט געפֿינען קיין איין איינציגעס וואָרט אין די געשיכטע פֿון אידישען פֿאָלק!

נאָר דאָס איז נאָך ווייניג, וואָס עס שׂטעהט ניט, אַז אַ י"כ איז יאַ געווען : עס שטעהט בעסער יאַ, אַז קיין י"כ איז ניט געווען. מע זעהט פֿון פסוק אַרויס בפרוש, אַז פֿון קיין י"כ האָט מען אין רעכטען מיטען פֿון די אַלטע אידישע מלוכה גאָר ניט געוואוסט.

5.) אין מלכים (1. 8. 65.) און אין דברי הימים (2. 7. 10.) שטעהט געשריבען, אַז ווען שלמה המלך האָט פֿערטיג געמאַכט דעם ערסטען בית המקדש, האָט מען געמאַכט אַ יום טוב און מען האָט געהולעט צוויי מאָל צו 7 טעג : 7 טעג פֿאַר סכות איז געווען די הולאַנע פֿון חנוכת הבית און דערנאָך איז געווען 7 טעג סכות. אויף אַזאַ אופן קומט דאָך אויס, אַז די שׂמחה האָט זיך אָנגעהויבען פונקט ווען עס האָט געדאַרפֿט זיין ערב י"כ און האָט געדויערט איבער י"כ אַ ר י ב ע ר ! און פֿון קיין קלאָגעדיגען פֿאַסט־טאָג אין מיטען דער הולאַנע איז גאָר ניט דערמאָנט !

פֿון משה רבינו ביז דער בית המקדש איז געבויט געוואָרען, זיינען אַוועק גאַנצע 455 יאָהר ; אַלזאָ אַזאַ לאַנגע, לאַנגע צייט האָט מען

געמוזט וואַרטען, איידער מע האָט געקענט זוכה זיין מקיים צו זיין די הייליגסטע און וויכטיגסטע עבודה אין י"כ, אויף'ן ריכטיגען פלאַץ, וואו גאָט זאָל האָבען משה'ן געהייסען — אין בית המקדש אין ירושלים (ביז דאַמאָלם איז נאָר געווען אַ משכן אין שלה), און איצט אַז מע האָט דאָס שוין קוים דערלעבט, און טאַקע גראַד איז דאָס פֿערטיג געוואָרען פֿאַר יום כפור, האָט מען זיך דען ניט געדאַרפֿט גאָר די ערסטע זאַך אַ כאַפּ טהאָן צו דער עבודה אין יום כפור ? — נאַטירליך ! און האָט ניט אין די בעשרייבונג וועגען די בענייאונג'ס־פֿאַראַדע פֿון דעם ערסטען בית המקדש געדאַרפֿט דעם ערסטען פלאַץ פֿערנעהמען אַן אויספֿיהרליכע בעשרייבונג וועגען די ערסטע גרויסע עבודה אין יום כפור ? — געוויס !

און צום סוף איז גאָר ניט געשטויגען ניט געפֿלויגען ! אי אין מלכים אי אין דברי הימים — איןביידע ערטער, וואו עס שטעהט בעשריבען די בענייאונג פֿון דעם ערסטען בית המקדש — איז אפילו קיין זכר ניטאָ פֿון אַ י"כ ; אדרבה, עס שטעהט גאָר, ווי געזאָגט, אַז איבער דעם טאָג אַריבער, אין וועלכען עס האָט געדאַרפֿט זיין י"כ, האָט מען גאָר געמאַכט אַ לוסטיגע שמחה, אַלזאָ מע האָט געגעסען, געטרונקען און געהולעט !

עס שטעהט אפילו, אַז דעם בית המקדש האָט מען בענייעט מיט אַן אונגעהייער גרויסע שחיטה פֿון קרבנות צו גאָט ; „מע האָט אויס־געשאָכטען אָקסען און קעלבער און שאָף גאָר ניט צום איבערצעהלען" (מלכים .1 .8 .4), און אַ ביסעל שפעטער (שם ס"ג) קען מען שוין ווידער יאַ איבערצעהלען 22 ט ו י ז ע נ ד אָ ק ס ע ן און א י י ן מ אָ ל 120.000 ש ע פ ס ע ן (ניש קשה פֿון אַ שחיטה)—דאָך שטעהט גאָרניט פֿון קיין עבודה אין י"כ, לויט די פאַראַדנע צערעמאָנ־יעס, וואָס זיינען בעשריבען אין פרשה אחרי מות (און נאָכמעהר לויט נאָך די פֿיל פאַראַדנערע און געגויערע צערעמאָניעס, וואָס זיינען בעשריבען אין גמרא יומא, וואָס דאָס איז דאָך כלומרשט אויך „הלכה למשה מסני"........).

.6) זכריה הנביא זאָגט נביאות, אַז גאָט וועט צוריק גוט ווערען צו

די אידען און וועט זיי גליקליך מאַכען, און פון אלע תעניתים וועלען ווערען פרעהליכע ימים טובים ; דערביי רעכענט ער אויס די תעניתים שבעה־עשר־בתמוז. תשעה־באב, צום־גדליה און עשרה־בטבת—און פון דעם וויכטיגסטען תענית — דעם י״כ, איז גאָר ניט דערמאָנט. (זכריה 8. 19.)

7) נאָך דעם ערסטען גלות, גלות בבל, וועלכער האָט געדויערט 70 יאָהר, ווען די אידען זיינען ווירער צוריקגעקומען קיין ירושלים,— שטעהט אין פסוק — „האָט זיך דאָס גאַנצע פאָלק, ווי איין מאַן פערזאַמעלט אויף'ן פלאַץ פאַר'ן וואַסער־טויער און האָבען געזאָגט צו עזרא הכהן, ער זאָל ברייננגען דאָס ספר משה'ס תורה......האָט עזרא געבראַכט דאָס ספר... אין דעם ערסטען טאָג אין זיבעטען חדש". (נחמיה 8.)

דעם ערסטען טאָג אין זיבענטען חדש איז דאָך גאָר ראש השנה, און אין דעמזעלבען ספר, וואָס עזרא האָט דאָ געבראַכט און פאָרגע־לעזען, אין דיזע משה'ס תורה, שטעהט דאָך גאָר (היינט !...) בפרוש געשריבען, אַז דעם טאָג דאַרף זיין יום טוב און מע דאַרף עפעס בלאָזען שופר (שוין ניט צו רעדען וועגען דעם, ווי אַ הייליגער שרעק־ליכער „יום הדין" דאָס איז ; — נו האָט מען פון דיזען „הלכה למשה מסני" דאַמאָלסט נאָך ניט געוואוסט......) ; און צום סוף שטעהט גאָר ניט דערמאָנט אַ וואָרט, אַז מע זאָל האָבען געגאַנ־גען פראַווען ראש השנה !

נאָר מיר רעדען דאָך דאָ ניט פון ר"ה. לאָמיר בעסער זעהן וואָס ווייטער שטעהט :

„דעם צווייטען טאָג האָבען זיך די עלסטע פון די משפחות פון פאָלק און די כהנים פערזאַמעלט ביי עזרא הכהן, צו פאָרשען אין די רייד פון די תורה. האָבען זיי געפונען שטעהן געשריבען דאָרטען, אַז מע זאָל מאַכען סכות זיבען טעג...... (דאָ שטעהט א לאַנגע שטיק, וואָס זיי האָבען געפונען שטעהן אין די תורה, וואָס אין די תורה, וואָס מיר האָבען היינט, שטעהט גאָר אַנדערס... דאָס וועט אונז ווייטער צוניץ קומען.) און דאָס פאָלק האָט געמאַכט סכות...... פון יהושע בן

נון'ס צייטען (קנאפּע 1000 יאָהר ! די גאַנצע צייט פֿון די עיקר אידישע מלוכה !) האָבען די אידען קיין מאָל קיין סכות ניט געמאַכט, ביז יענעם טאָג. און די שמחה איז געווען זעהר גרוים".

אָט אַזוי שטעהט אַלץ בפּרוש אין פסוק (נחמיה 8.)

טאָ, אום גאָטעס ווילען, וואו איז אַהינגעקומען דער וויכטיג־סטער הייליגער טאָג, דער י"כ ?! אַז עס שטעהט שוין ווידער, וואָס זיי האָבען אַלץ „אויסגעפֿונען" אין די הייליגע תורה אַז זיי דאַרפֿען טהאָן, און ווי זיי זיינען געוואָרען אַזוי גוט און פֿרום און האָבען אַלץ גענוי מקיים געווען, טאָ דאַרף דאָך דער עיקר שטעהן, אַז זיי האָבען געהאַלטען י"כ — גוואַלט י"כ ! — וואָס איז דאָך פונקט געווען אין יענע צייט, טאָ וואו איז דער יום כפור !

8)אין יחזקאל (קאַפּיטעל 45) שטעהט געשריבען, אַז גאָט האָט געהייסען דעם ערסטען טאָג אין ניסן גאָר מאַכען אַזאַ מין צער־עמאָניע אין בית המקדש, ווי אין די תורה, וואָס מיר האָבען היינט, שטעהט, מע זאָל מאַכען אין י"כ. און אין 7 טעג אין ניסן, שטעהט דאָרטען, זאָל מען מאַכען אַ י"כ.

די גמרא זאָגט, אַז דורך דעם וואָס אין יחזקאל שטעהט אַנדערס, ווי אין די תורה, האָבען די תנאים געוואָלט דעם ספר יחזקאל באַהאַלטען (אַראָבלאָזען, מאַכען אַ שווייג...) ; און ר' יוחנן זאָגט (מנחות מ"ה) אויף דעם, אַז דיזען פסוק וועט אליהו הנביא אונז „אויס'דרשה'נען" ווען משיח וועט קומען...... נאָר דערנאָך האָט מען עפּעס איינעם אַ חנניה בן חזקיה געגעבען 300 קריגלעך אייל און ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אייף אַ בוידעם און האָט די ווידערשפּריכע פֿון יחזקאל געגען די תורה „אויסגע'דרשה'נט", אַז עס זאָל מעהר ניט זיין קיין ווידערשפּרוך. (ער האָט עס אויסגע'דרשה'נט אויף אַ בוידעם און עס איז אַרויסגעקומען אַ בוידעם... מיט'ן „דרשה'נען" האָט מען אַלע מאָל אויסגע'דרשה'נט בוידעם מיט פּאָלעצע און פֿער'דרשה'נט די ציין...) און אַ דאַנק דיזען אויס'דרשה'נען, האָט מען דעם ספר יחזקאל ניט פֿערשטעקט און מיר קענען איצט אין דעם הייליגען ספר זעהן אַז אין דעם נביא יחזקאל'ס צייטען איז אין די תורה גאָר

ניט געשטאַנען דאָס וואָס עס שטעהט אין איהר היינט ! (אויסער וועגען י"כ זיינען נאָך דאָ אין יחזקאל אַנדערע ווידערשפּריכע גע־גען די תורה.)

הכלל, דאָ האָט איהר 2 מאָל 4 קשיות, אייזערנע קשיות, וואָס מע קען זיי ניט אָב'פּטר'ן מיט קיין „עבדים היינו"—קשיות, וואָס ווייזען אַזוי קלאָהר ווי דער טאָג, אַז פֿון קיין י"כ האָט מען גאָר ניט געוואוסט און עס איז גאָר אין די תורה וועגען אַ י"כ ניט געשטאַנען ביז טויזענד יאָהר „נאָך מתן תורה"!

פֿון וואַנען־זשע קומט דאָס אַהין אַריין יעצט ?

## 3. האט משה רבינו געהייסען מקריב זיין קרבנות ?

איידער מיר קענען געבען דעם ריכטיגען ענטפֿער אויף דיזע הארבע קשיא, וועלען מיר פֿריהער אַוועקשטעלען נאָך עטליכע האַרבע קשיות.

מיר ווייסען שוין, אַז י"כ איז דער עיקר געווען אַ טאָג פֿון קרבנות און פֿאַראַדנע גאָטעס־דיענסט אין בית המקדש, דורך די כהנים און דורך דעם כהן גדול אַליין.

איצט וועלען מיר שטעלען די פֿראַגע : האָט משה רבינו געזאָגט, אַז גאָט האָט געהייסען איהם מקריב זיין קרבנות און מאַכען אַזעלכע צערעמאָניעס ?

צווישען די 5 חומשים, וואָס מע האַלט זיי פֿאַר משה רבינו'ס תורה, געפֿינט זיך איין חומש — ויקרא—, וועלכער איז, ווי גע־זאָגט, פֿול כמעט בלויז מיט פֿאָרשריפֿטען וועגען קרבנות, מיט אַלע גענויאיגקייטען, וואָסערע קרבנות מע זאָל מקריב זיין ביי די געלעגענהייט, וואָסערע ביי יענע, און ווי די צערעמאָניעס פֿון די כהנים זאָלען ביי יעדען קרבן צוגעהן. דאָס גאַנצע ספר איז — ווי דער שרייבער האָט זיך שוין אַ מאָל אויסגעדריקט — אַ געט־ליכעס קאָך־בוך.

דאַכטזיך דייטליך גענוג, אַז משה זאָגט, דאָס גאָט האָט גע־הייסען איהם מקריב זיין קרבנות.

קרבנות איז אין די רעליגיאָן, וואָס מיר האָבען היינט אַלס משה'ס אַזאַ עיקר פֿונדאַמענט־זאַך פֿון די גאַנצע אמונה, אַז אויף דיזען פֿונדאַמענט האָט דאָך דאָס קריסטענטהום, ווי בע־וואוסט, אויפֿגעבויט זיין גאַנצע נייע אמונה.

הערט אָבער דאַגעגען וואָס „גאָט אַליין" האָט ווידער געזאָגט דורך אַנדערע נביאים :

1) „אַזוי האָט געזאָגט יהוה פֿון די קריגס־מחנות, דער גאָט פֿון ישראל :... איך האָב מיט אייערע עלטערען גאָר ניט גערעט און האָב זיי, בשעת איך האָב זיי אַרויסגענומען פֿון מצרים, גאָר ניט געבאָטען וועגען קרבנות"... (ירמיה 7. 21.)

שוין גאָרניט ! וואָס זאָגט איהר דערצו ? סטייטש, רבונו של עולם, וואו איז דער גאַנצער ספר ויקרא ? ; — היינט געה, דער־געה אַ טאָלק !

2) „און שמואל האָט געזאָגט : וויל דען גאָט קרבנות ?..." (שמואל א. 15. 22.)

3) „וואָס טויג מיר אייערע פֿיעלע קרבנות, זאָגט יהוה, איך בין שוין גענוג אָנגעזעטיגט מיט בראַנד־אָפּפֿערס פֿון פֿעטע קעל־בער"... (ישעיה 1. 11.)

4) וויל דען גאָט טויזענדער פֿעטע קעלבער, צעהן-טויזענדער טייכען אייל ?... (מיכה 6. 7.)

5) „ווער עס שעכט אַן אָקס איז אַזוי ווי ער וואָלט אַ מענש געטויטעט ; ווער עס קוילעט אַ שעפּסעל איז ווי ער וואָלט (פֿאַר גאָט) אַ הונד אָבגעהאַקט דעם קאָפּ (און דאָס איז דאָך געוויס ניט קיין כשר'ער קרבן) ; ווער עס ברענגט אַ קרבן מנחה, איז אַזוי ווי ער וואָלט מקריב געווען בלוט פֿון אַ חזיר"... (ישעיה 3.66)

6) „אייערע בראַנד־אָפּפֿער בעפֿרידיגען מיר ניט און אייערע קרבנות שמעקען מיר ניט"... (ירמיה 6. 20.)

און אזעלכע ווערטער געפֿינען זיך נאָך אַסך.

וואָס זשע טוהט זיך דאָ עפּעס ? ווי גלייכט זיך דאָס אויס

מיט די בפרוש'ע מצות אין די תורה וועגען קרבנות ?

## 4. פון וואנען שטאמט די תורה ?

דער געוועהנליכער מענש גלויבט, אַז די גאַנצע תורה, אַזוי ווי זי שטעהט און געהט און אַזוי ווי מיר האָבען איהר היינט, האָט משה רבינו אַליין אַזוי אויפֿגעשריבען באַלד דאַמאָלט, פֿאַר איבער 3000 יאָהר. דער גאַנץ פראָסטער גלויביגער מיינט נאָך גאָר, אַז דער גאַנצער תנ"ך — דער גאַנצער פאַק מיט די 24 גאַנץ פֿער־שידענע „הייליגע" ביכער, איז אַזוי גענומען געוואָרען אויף'ן באַרג סיני, אַזוי ווי עס שטעהט און געהט יעצט. נאָר פֿון אַזאַ פראָס־טען מענשען רעט מען ניט. אַ שטיקעל בן תורה און אַ יודע ספר וויים, אַז דיזע אַלע ביכער זיינען אויפֿגעשריבען געוואָרען דורך פֿערשידענע מענשען, אין פֿערלויף פֿון פֿערשידענע צייטען, — אין פֿערלויף פֿון גאַנצע 1000 יאָהר — ווי די גמרא זאָגט אַליין און ווי מיר וועלען דאָ בעווייזען.

אָבער וועגען „משה'ס תורה" אַליין, מיינט שוין יעדער, אַז זי איז, אַזוי ווי מיר האָבען איהר היינט, פֿון משה'ן געשריבען און געגעבען געוואָרען.

דאָס איז אָבער אַ גרויסער טעות. מיר וועלען דאָס בעווייזען מיט אַ סך פֿעסטע ראיות.

1) אין בראשית שטעהט: „און דאַמאָלסט איז דאָס פֿאָלק כנעני און פריזי נאָך געזעסען אין דעם לאַנד". דיזע פֿעלקער זיינען אָבער נאָך געזעסען אין לאַנד נאָך משה'ס טויט. היינט ווען משה אַליין וואָלט געשריבען די תורה, וואָלט ער דאָך ניט געקענט זאָגען, אַז דאַמאָלסט זיינען זיי נאָך געזעסען אין לאַנד. פֿון דעם זעהט מען דאָך דייטליך—ווי דער פֿרומער אבן עזרא גיט שוין אַ וואונק, — אַז דאָס האָט מען געשריבען נאָכדעם ווי די כנענים זיינען שוין ניט געווען אין לאַנד—אַלזאָ לאַנג נאָך משה'ס טויט.

2) אויף אַסך ערטער שטעהט אין דער תורה, אַז דאָס און דאָס הייסט נאָך אַזוי, אָדער געפֿינט זיך נאָך דאָרטען „ביז'ן היינ־טיגען טאָג" („עד היום הזה"). וויבאַלד מע זאָל דאָס האָבען גע־

שריבען אין די צייט, ווען מען האָט די זאַך אזאַ נאָמען געגעבען, אָדער דאָס אַוועקגעשטעלט וואָלט מען דאָך ניט ערצעהלט קיין רבותא, אַז עס איז נאָך אַזוי „ביז היינטיגען טאָג". פון דעם זעהט מען דאָך דייטליך, אַז דאָס איז געשריבען געוואָרען לאַנגע יאָהרען שפעטער.

אין בראשית שטעהט: „און דיזע זיינען די מלאכים „וואָס האָבען געקעניגט איבער'ן לאַנד אדום איידער עס האָט געקעניגט אַ מלך ביי אידען". פון משה'ן ביז דעם ערשטען אידישען מלך (שאול) האָט געדויערט איבער 400 יאָהר. ווי זשע האָט ער געקענט אויסרעכנען אַלע מלכים, וואָס האָבען געקעניגקט אין אדום ביז 400 יאָהר נאָך זיין אייגענעם טויט? פון דעם זעהט מען דייטליך, אַז דאָס האָט געשריבען איינער, וואָס האָט געלעבט נאָכדעם ווי אידען האָבען שוין געהאַט דעם ערשטען קעניג, אַלזאָ וועניגסטענס 400 נאָך משה'ן.

4) אין אַלע ערשטע 4 חומשים שטעהט ניט „גאָט האָט גערעדט צו מיר" (משה) נאָר „גאָט האָט גערעדט צו משה'ן", אַלזאָ דערצעהלט דאָס ניט משה אַליין, נאָר אַ דריטע פערזאָן. אפשר וועט מען וועלען ענטפערען, אַז אַזוי איז דער סדר פון רעדען אין דער תורה, געפינט מען אָבער אין 5-טען חומש, אין דברים, אַז עס שטעהט דאָרט יאָ אומעטום „ויאמר יהוה אלי", און גאָט האָט געזאָגט צו מיר. פון דעם זעהט מען, אַז וועגען די ערשטע 4 חומשים האָט דער שרייבער אַליין קיינעם אפילו ניט געמיינט איינצורעדען, אַז דאָס שרייבט משה אַליין.

5) די „עשרת הדברות", וואָס גאָט זאָל האָבען משה'ן אויס־געקריצט אויף די שטיינערנע לוחות, געפינט זיך צוויי מאָל: איין מאָל אין שמות, וואו אַלעס דערצעהלט אַ דריטע פערזאָן אַלס שרייבער, און דאָס צווייטע מאָל אין דברים, וואו עס ווערט פאָר־געשטעלט אַז משה רעט דאָס אַליין. און אין יעדען פוןביידע מאָל האָבען די („אין שטיין פעסט איינגעקריצטע") עשרת הדברות אַן אַנדער נוסח! און דער אונטערשיעד איז זעהר אַ פונדאַמענטאַ־

לער. אין די עשרת הדברות פון שמות שטעהט, צום ביישפיעל, אַז שבת האָט גאָט געהייסען האַלטען, פאַר אַן אָנדיינקונג אַז ער האָט בעשאַפען די וועלט אין 6 טעג און גערוהט אין 7־טען טאָג. און אין די עשרת הדברות פון דברים שטעהט גאָר, אַז דער צוועק פון שבת איז, כדי די שקלאַפען און די בהמות זאָלען זיך אַ טאָג אין וואָך קענען אָברוהען פון די שווערע אַרבייט. פון דעם זעהט מען דייטליך, אַז דאס האָט געשריבען אַן אַנדערער און דאָס אַן אַנדערער, — אַז דאָס זיינען פערשידענע נוסחאות, וואָס האָבען זיך געפונען ביי פערשיעדענע מענשען פערשריבען, און מע האָט זיי דערנאָך צוזאַמענגעשטעלט אין איין בוך, ווי עס וועט ווייטער בעוויזען ווערען.

6) אויסערדעם געפינען זיך נאָך אַ מאָל פרשיות אין דער תורה צוויי מאָל. און יעדעס מאָל מיט אַ בעזונדערען נוסח, און זאָגאַר מיט אַ בעזונדערע שפּראַכע. נאָכמעהר: אין איינע פון זיי שטעהט גאָט דערמאָנט מיט'ן נאָמען „יהוה" און אין די אַנדערע מיט'ן נאָמען „אלהים". אַ טהייל פאָרשער בעהויפּטען דעריבער אַז אין חומש זיינען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען, הויפּטזעכליך 2 מינים שריפטען פון 2 מינים שרייבערס, וואָס יעדערער פון זיי האָט זיך גאָר פאָרגעשטעלט אַ בעזונדערען גאָט מיט אַ בעזונדערען נאָ־מען: איינער אַ „יהוה" דער צווייטער אַ „אלהים". דעם ערשטען רופען דיזע פאָרשער דעריבער „דער יעהאָוויסט" און דעם צווייטען „דער עלאָהיסט". (אַזעלכע 2 פערשידענע נוסחאות פון איינע און דיזעלבע זאַך קען דער, וואָס פערשטעהט „קליינע אותיות", דייט־ליך זעהן אין די ערשטע פרשה פון בראשית.) מיר דערמאָנען דאָ דיזע מיינונג, אָבער ווילען ניט זאָגען, אַז דאָס איז אַ וויסענ־שאַפטליך בעוויזענע וואַהרהייט. אָבער דער פאַקט, אויף וועלכען דיזע מיינונג בעציהט זיך — נעמליך די פערשיעדענע נוסחאות, איז געוויס אמת, יעדער קען דאָס זעהן.

7) אין די גמרא אַליין זאָגט איינער (ר' יוחנן משום רבי נאהב 'גט ין ס.) אַז די תורה איז „געגעבען געוואָרען" ניט אויף אַ מאָל, אַזוי ווי מיר האָבען איהר היינט, נאָר „מגלות־ווייז", דאָס הייסט צו איינציגע אַבטהיילונגען, און דערנאָך זיינען זיי צוזאַ־מענגעהעפט געוואָרען אין איין ספר תורה אַריין.

8) און צוזאַמענגעהעפֿט זיינען די שטיקלעך געוואָרען נאָר ניט מיט קיין סדר—דאָס זאָגט אויך די גמרא אַליין („אין מוקדם ומאוחר בתורה"). עס איז אָפֿט טאַקי גאָר קיין „סמיכת הפרשיות" ניטאָ פֿון איין שטיק מיט'ן אַנדערען.

9) אין דיזע תורה, וואָס מע וויל האָבען, אז משה האָט איהר פֿערפֿאַסט, שטייט בעשריבען, ווי משה איז געשטאָרבען. איינער זאָגט אפילו אין דער גמרא, אַז די עטליכע פסוקים וועגען משה'ס טויט האָט יהושע צוגעשריבען, יעדענפֿאַלס אָבער גיט דיזער שוין דאָך צו אַליין, אַז דאָרט האָט געשטעקט אַן אַנדער האַנד אויך, אַ חוץ משה'ס.

10) אויף איין אָרט שטעהט אין דער תורה: „און דער מאַן משה איז געוועזען זעהר אַן עניו, אַ גרעסערער ווי אַלע מענשען פֿון דער וועלט". ווי באַלד אז עס איז אמת, אז דאָס האָט משה אַליין געשריבען, קען דאָך ניט זיין אמת, וואָס ער האָט דאָ געשריבען.

11) די 24 ספרים, וואָס זיי זיינען אונז איבערגעבליבען ביז'ן היינטיגען טאָג אַלס די הייליגע תורה, זיינען ניט די איינציגע ספרים, וואָס האָבען זיך געפֿונען בײם אידישען פֿאָלק אין יענע צייט. אין גאָר די עלסטע ספרים פֿון תנ"ך, אפֿילו אין חומש און אין יהושע, ווערט דערמאָנט א ספר „מלחמות יהוה", אַ „ספר הישר", פֿיעל מאָל „ספרי דברי הימים" און די אַלע ספרים האָט מען ניט מעהר. זיי זיינען פֿערלוירען געוואָרען.

12) עס געפֿינען זיך נאָך היינט אַלטע עקזאַמפּלאָרען פֿון די תורה וואָס מאַנכע זאַכען שטעהט אַנדערס, ווי אין אונזער תורה.

13) פֿון אונזערע אידען האָבען זיך פֿאַר קנאַפּע 3000 יאָהר אָבגעשיידעט אַן אַנדער פֿאָלק, די שומרנים, אָדער כותיים, וועלכע האָבען געהאַט אַ בעזונדערען בית המקדש אויף'ן באַרג גריזים מיט אַ גאַנץ אַנדערען נוסח פֿון משה'ס תורה. אונזערע אידען האָבען געזאָגט, אַז יענע האָבען פֿערפֿעלשט די תורה, און יענע האָבען געזאָגט, אַז זייער תורה איז די ריכטיגע און די אידען'ס איז פֿערפֿעלשט.

14) אַלע ספרים, וואָס האָבען זיך פֿערוואַלגערט ביי אידען, מע האָט ניט געוואוסט פֿון וואַנען און פֿון וועמען, זיינען געלעגען אין בית המקדש, און ווען דאָס ערש-

טע בית המקדש איז פֿערברענט געוואָרען, זיינען מיט איהם אַסך ספרים פֿערברענט געוואָרען. פֿון דרוקען ביכער האָט מען נאַטיר־ליך דאַמאָלס ניט געוואוסט. פֿון יעדען בוך איז נאָר געווען איינער אָדער ווענינ עקזעמפּלאַרען אויפֿגעשריבען, און פֿיעל זאַכען, ווי געזאָגט, אין פֿערשיעדענע נוסחאות.

15) הונדערטער יאָהרען זיינען אַוועקגעגאַנגען און מען האָט אין די אידישע מלוכה גאָר ניט געוואוסט פֿון אַ ספר תורת משה. אין מלכים (ב. כ״ב.) שטעהט בפרוש, אַז אין מלך יאשיהו׳ס צייטען — איבער 800 יאָהר נאָך משה רבינו — האָט חלקיהו כהן גדול, זוכענדיג געלד אין בית המקדש, געפֿונען אַ ספר תורת משה און ווען מען האָט אַריינגעקוקט וואָס דאָרט שטעהט עפּעס, איז מען גאָר ערשטוינט געוואָרען — מען האָט גאָר פֿון די גאַנ־צע מעשה ניט געוואוסט ! 800 יאָהר נאָך משה׳ן !

16) מיר האָבען שוין אויבען געזעהען, אַז אין עזרא׳ס צייטען, 1000 יאָהר נאָך משה׳ן, איז אַלץ וואָס אין די תורה שטעהט גע־ווען אַ מין וואונדערליכע נייעס, וואָס מען האָט גאָר ניט געוואוסט דערפֿון. און דערצו איז אין יענע תורה גאָר ניט געשטאַנען דאָס אייגענע וואָס עס שטעהט היינט אין די תורה וואָס מיר האָבען.

און אויף דיזען עזרא, וואָס האָט נאָך גלות בבל צוריק אַריינ־געפֿיהרט די אידען אין ארץ ישראל, שטעהט געשריבען, אַז ער איז געווען אַ קענער אין שרייבען און לעזען (דאָס איז דאַמאָלסט געווען אַ גרויסע זעלטענהייט), און אַז ער האָט דאָס די אידען בעקאַנט געמאַכט מיט תורת משה, און ער האָט צום ערשטען מאָל איינגעפֿיהרט און געפֿעסטיגט די אידישע רעלי־גיאָן, לויט תורת משה.—דאָס שטעהט בפרוש אין פסוק.

די גמרא זאָגט אויך, אַז עזרא איז געווען אַזוי וויכטיג ווי משה, און אַז ווען משה וואָלט ניט געווען פֿאַר איהם, „וואָלט״ די תורה דורך איהם געגעבען געוואָרען.

אַלזאָ ווער האָט בעקאַנט געמאַכט אַ תורת משה און געגרינדעט די רעליגיאָן לויט נאָך דיזע תורה ?—דעם „וואָלט״ נעהמט אַראָב : — עזרא הכהן הסופר, טויזענד יאָהר נאָך משה רבינו.

די גמרא זאָגט אַליין, אַז מיט עזרא צוזאַמען זיינען געווען 70

אַלטע לייט, וועלכע װוערען אָנגערופֿען „אנשי כנסת הגדולה", און אַז זיי האָבען דאָס צוזאַמענגעשטעלט די ספרים פֿון תנ"ך און זאָ־גאַר עטליכע פֿון זיי (יחזקאל, תרי עשר, דניאל און אסתר) „אַליין געשריעבען". אַזוי זאָגט די גמרה אַליין (בבא בתרא ט"ו).

און פֿון וועלכען מאַטעריאַל האָבען זיי די הייליגע תורה צו־זאַמענגעשטעלט ? פֿון שטיקלאַך און פיצלעך אַלטע פֿערוואַלגערטע שריפֿטען, וואָס זעלטען ווער עס האָט זיי שוין דאַמאָלסט געקענט לעזען ; ווער עס האָט געקענט, איז געווען אַ גרויסער קענער. דיזע אַלע אַלטע פֿערוואַלגערטע שריפֿטען זיינען קוים איבערגע־בליבען פֿון אַ גאַנצען באַרג אַזעלכע שריפֿטען. אַסך פֿון זיי זיינען געווען געשריבען אין פֿערשיעדענע צייטען, דורך אַלטע לייט, וואָס האָבען דאָס, וואָס זיי האָבען אין זיי אויפֿגעשריבען, געהערט דער־צעהלען פֿון „אבות אבותינו". אין תהלים ווערט דערצעהלט אַסך מעשיות פֿון יציאת מצרים, — מעשיות וואָס שטעהען בעשריבען אין די תורה וואָס מיר האָבען היינט — און דאָרט, אין תהלים, שטעהט גאָר, אַז דער שרייבער דערצעהלט דאָס, לויט ווי ער האָט געהערט זאָגען ווי זיינע עלטערען האָבען איהם דערצעהלט" („אשר שמענו ונדעם, ואבותינו ספרו לנו").

אָט פֿון אַזאַ „הערען דערצעהלען" זיינען דורך פֿערשיעדענע מענשען דיזע פֿערשיעדענע שטיקלעך און פיצלעך שריפֿטען אויפֿ־געשריבען געוואָרען. אַ טהייל האָבען געשריבען אַזעלכעס, וואָס אַן אַנדערער האָט שוין געהאט אַנדערש אויפֿגעשריבען. וואָס „מען" דערצעהלט, דערצעהלט דאָך געוועהנליך יעדער אַנדערש. און עזרא מיט זיינע לייט האָבען פֿון אַזעלכע שטיקלעך און אַ ביסעל פֿון דעם, וואָס זיי האָבען אַליין צוגעשריבען לויט וואָס ז י י האָבען ווידער „געהערט דערצעהען" צוזאַמענגעשטעלט אַ חומש מיט אַ גאַנצען תנ"ך. אַ טהייל שטיקלעך זיינען טאַקע געווען גאַנץ אַלטע אויך—ווער ווייס פֿון וואַנען זיי שטאַמען און ווער עס האָט זיי אויפֿ־געשריבען! אַז היינט קענען זיך געפֿינען שריפֿטען, וואָס מען ווייס ניט ווער זייער טאַטע איז, מכל־שכן אין יענע פֿינסטערע צייט, וואָס אַן אויפֿגעשריבענעס וואָרט איז געווען ווי אַ רענדעל !

פֿון אַזאַ צוזאַמענקלייבען אַלטע שטיקלעך איז נאַטירליך אַרויס־געקומען אַ מיש־מאַש, אין וועלכען עס קלעבט זיך אַפּט אַ וואָרט

צו אַ וואָרט ניט און וואָס איינס זאָגט אַנדערש ווי דאָס אַנדערע, דעריבער לאָזט זיך דאָס דער פסוק אַזוי „דרשה'נען" אַהין און אַהער.

## 5. צוריק צום אנהויב.

עזרא מיט זיינע לייט, די אנשי כנסת הגדולה, האָבען נאָך אָבער ניט אין גאַנצען פעסט אָבגעשלאָסען די הייליגע ביכער. די גמרא אַליין זאָגט (כ"ב י"ג.) אַז זיי האָבען די אַלע ספרים זיך נאָך ניט ערלויבט צוזאַמענצובינדען אין איינעם. פילע הונדערטע יאָהרען שפּעטער, דערצעהלט נאָך די גמרא אַליין, האָט מען נאָך געקליבען, וועלכע פון די ביכער, וואָס געפינען זיך, זאָלען אַריינגערעכענט ווערען צווישען די הייליגע ביכער פון תנ"ך, און וועלכע מען זאָל אסר'ן. אַסך ספרים האָבען זיי גע'אסר'ט און פערניכטעט. („גנזו ספר רפואות".) די ספרים יחזקאל, משלי און קהלת האָבען זיי אויך בדעה געהאַט אויסצוצענזאָרירען, נאָר זיי האָבען זיך דערנאָך אַנדעריש מישב געווען, ווי דערמאָנט.

דען אין די צייט פון די מלחמות פון די אידען מיט די גריכען זיינען די הייליגע שריפטען ווידער צוואָרפען, פערפלאָנטערט און פערפעלשט געוואָרען (ווי עס שטעהט געשריבען בפרוש אין דברי הימים א. פון די חשמונאים).

און נאָך די מלחמה, ווי די כהנים פון די פאַמיליע חשמונאים זיינען געוואָרען די הערשער איבער די אידישע מלוכה, האָבען זיי געגרינדעט אַ מין צענזור־געריכט, און זיי האָבען דאָס איבערגעקליבען די ספרים, אַרויסגעוואָרפען די וואָס האָבען זיי ניט געפאַסט, אַריינגעשטעלט די וואָס זיינען זיי געפעלען. און פון זייער האַנד האָבען מיר דאָס דעם היינטיגען פיקס־און פאַרטיגען תנ"ך. — דאָס איז געווען ווייניגסטענס ביי 1300 יאָהר נאָך משה'ן, לויט נאָך די יאָהרעס־צאָהלען פון סאַמע תנ"ך אַליין. (זעה ספר „מורה נבוכי הזמן", שער י.)

און איצט קומען מיר צום אָנהייב.

ווי מען האָט געקענט דייטליך זעהן, פון דעם וואָס מיר האָבען אויבען געבראַכט וועגען קרבנות, זיינען אין פאָלק געווען פערשידענע מיינונגען וועגען די פראַגע, צו וויל דער אידישער גאָט האָבען קרבנות צו ניט. קיין בעשטימטען אַלטען ספר פון

משה אַליין האָט מען דאָך ניט געהאַט, אַז מען זאָל קענען נאָכ־זעהן. אַלץ וואָס מען האָט געוואוסט, איז געווען, „וואָס עלטערען האָבען דערצעהלט"—נו, געוועהנליך האָבען איינעמס עלטערען דערצעהלט אַזוי, דעם אַנדערענס אַזוי. דאָס דומע פֿאָלק און די כהנים האָבען נאַטירליך געהאַלטען שטאָל און אייזען פֿון קרבנות; די ליכטיגערע קעפּ, די „נביאים", האָבען דעם ווילדען מנהג פֿערדאַמט.

ביי עזרא'ן שטעהט שוין, אַז ער, עזרא, (אַליין אַ כהן,) האָט איינגעפֿיהרט, אַז די כהנים און לוים זאָלען זיין די גאַנצע בעלי בתים איבער די רעליגיאָן. עס איז אַלזאָ געווען אַ ספּעציעלע הערשענדע פּריסטער־קאַסטע, ווי אין אינדיען, — אַ קאַסטע, וואָס מען האָט געמוזט זיין געבוירען פֿון איהר, אום צו קענען געהערען צו איהר. און פֿאַר דיזע קאַסטע איז עס נאַטיר־ליך געווען אַן אינטערעסע, אום צו דערהאַלטען איהר הערשאַפֿט און איהרע איינקינפֿטע, צו מאַכען קרבנות־ברענגען פֿאַר אַ הייליגען שטיק עיקר פֿון די אמונה.

און זיי האָבען געוויס אַריינגעשטעלט מצות וועגען קרבנות אין די זאַמלונג פֿון די הייליגע ביכער אַריין.

אין עזרא'ס צייט אַליין האָט מען אָבער נאָך פֿון ספר ויקרא און פֿון דעם יום כפור, וואָס ווערט דאָרט בעשריבען, ניט געוואוסט, ווי עס איז שוין אויבען קלאָהר און דייטליך בעוויזען געוואָרען. אָבער עזרא האָט נאָך, ווי געזאָגט, דעם תנ"ך ניט אָב-געשלאָסען. אָבגעשלאָסען איז ער ערשט געוואָרען מיט אַ 200 יאָהר נאָך שפּעטער, דורך דעם געריכט פֿון די חשמונאים, די כהנים. שמעון בן מתתיהו איז געווען דער ערשטער כהן גדול וואָס איז צו גלייכער צייט געווען דער פּאָליטישער הערשער פֿון אידישען פֿאָלק, בעשטעטיגט דורך די סירישע קעניגע, צו וועלכע ער איז געווען אַ וואַסאַל (אונטערוואָרפֿען). און נאָך איהם האָבען אַלע כהנים גדולים מיט די מאַכט פֿון זייער פּריסטער־אַמט און פֿון זייער האַלטען די גרויסע קרבנות־צערעמאָניעס און די הער־שאַפֿט פֿון בית המקדש אין זייער האַנד, געהערשט איבער די אי־דען איבער 100 יאָהר, מיט אַ שרעקליכע געוואַלט (ווי עס איז בעוואוסט אין די אידישע געשיכטע.)

און אַז זיי האָבען ווידער אַריינגעשטעלט דינים פון קרבנות אין די תורה אַריין, שטעהט בפרוש געשריבען אין דברי הימים ב. פון חשמונאים. דאָרט שטעהט אַ בריעף, וואָס די אידען פון ירושלים האָבען געשיקט צו די אידען פון אַלעקסאַנדריען, און דאָרט געפינען זיך דיזע ווערטער:

„ווען נחמיה (הכהן) האָט נאָכגעזוכט צווישען די ספרים פון „דוד און מלכים האָט ער וואָס ער האָט געפונען „געשריבען וועגען קרבנות, צוזאַמענגעקליבען „אין איין באַנד, אַזוי האָט אויך געטהאָן יהודא (הכהן): ער האָט „צונויפגעקליבען און איינגעאָרדעט די אַלטע שריפטען, וואָס זיינען צוואָרפען און צופלאָנטעט געוואָרען אין די צייט פון די „מלחמות".

עס פערשטעהט זיך, אַז פאַר אַזעלכע כהנים, איז געווען זעהר וויכטיג דער פסוק „והכהן הגדול מאחיו", מיט דעם דרש פון גמרא, אַז דער כהן גדול מוז זיין רייכער פאַר אַלע, און ווען ער איז דאָס ניט, זאָל מען נעהמען פון פאָלק און איהם רייך מאַכען. („גדלהו משל אחיו".) עס פערשטעהט זיך דעריבער, אַז פאַר זיי איז זעהר וויכטיג געווען צו האָבען אַ מזבח מיט קרבנות, וועלכע „פרעסען אויף אידיש געלט", ווי אַן אידישע מיידעל (מרים בת בילגה) האָט אַ מאָל געשריען, אַרויפשפרינגענדיג מיט פעראַכטונג אויף דעם מזבח. (סוף סוכה.)

און עס פערשטעהט זיך אויך, אַז פאַר דיזע הערשער קלאַסע איז זעהר וויכטיג געווען עס זאָל זיין אַזאַ י"כ, אַזאַ צענטראַל רעליגיאָנס-טאָג, אין וועלכען זיי, די כהנים, זאָלען זיך אַרויסווייזען אין זייער גאַנצע הערליכקייט, אין זייער גאַנצע פראַכט און מאַכט אַלס די איינציגע אַגענטען פון דעם גרויסען גאָט, און אין וועלכען זיי זאָלען אָנציהען אין פאָלק די גאַנצע קראַפט פון זיין גלויבען און פון זיין שטוינען און בטל ווערען פאַר דיזען גאָט, — וואָס אין גראַד פון פורכט און פערעהרונג צו איהם אין פאָלק ווענדעט זיך דאָך דער גראַד פון די מאַכט פון זיינע איינציגע אַגענטען — די כהנים.

אַזאַ טאָג איז פאַר די ערהאַלטונג פון זייער מאַכט פונקט אַזוי וויכטיג געווען, ווי עס איז וויכטיג, צום ביישפיעל, פאַר די מאַכט פון דייטשען קייזער צו האָבען אַזאַ טאָג ווי דעם זעדאַן טאָג,

דעם צענטראַל־טאָג פֿון דעם שטאַרקסטען רייכס־פּאַנאַטיזמוס.

און זיי האָבען זיך געהאַט פֿון וועמען אָבצולערנען : ביי די אומות אַרום זיינען געוועזען אַזעלכע גרויסע הייליגע צענטראַלע רעליגיאָנס־טעג מיט געוואַלטיגע פּאַראַדנע צערעמאָניעס, אין וועלכע דער העכסטער פּריסטער איז געווען די הויפּטפיגור.

דאָס האָט זיך אַמבעסטען געפּאַסט אין אָ נ ה י י ב יאָ ה ר. פריהער, ביי אידען אַליין, איז דאָך ניסן געווען דער ערשטער חודש פֿון יאָהר, האָט מען געוואָלט מאַכען אַזאַ יום כפור אין ניסן, ווי זיי, די כהנים פֿון עזרא׳ס סינאָד (אנשי כנסת הגדולה), האָבען געשריבען אין יחזקאל, ווי די גמרא זאָגט אַליין, אַז ספר יחזקאל האָבען זיי געשריבען (ב"ב י"ג). דערנאָך אָבער האָבען זיך דאָך די אידען אָבגעלערענט פֿון די פרסיים, צו מאכען אין תשרי נייע־יאָהר, (פֿון דעם שטאַמט דאָס דער שפּעטערער ראש־השנה,) אַזוי ווי די גמרא זאָגט דאָך אַליין, אַז דעם קאַלענדאַר האָבען אי־דען איבערגענומען פֿון בבל („שמות חדשים עלו מבבל"), האָט דער יום כפור, אויך געמוזט איבערגעטראָגען ווערען אויף תשרי.

אין די עיקר פרשה פֿון יום כפור, אין אחרי מות, וועלכען די ערשטע כהנים פֿון נאָך עזרא׳ס צייט האָבען געוויס אַריינגעשטעלט שטייט אין אָנהייב גאָר ניט ו ו ע ן די גרויסע צערעמאָניע, וואָס דאָרט איז בעשריבען, זאָל זיין. אָבער עס שטייט, אַז דאָס האָט גאָט געזאָגט משה׳ן נאָך דעם ווי אהרן׳ס קינדער זיינען געשטאָר־בען, און דאָס איז טאַקי געווען אין ניסן. נאָר צום סוף, נאָך די גאַנצע בעשרייבונג פֿון די צערעמאָניע, שטייט פלוצלונג : „דאָס זאָל זיין צעהן טאָג אין 7–טען חדש". אַ בלינדער קען זעהען, אַז דאָס האָבען די שפּעטערע כהנים דערנאָך צוגעשטעלט, ווען תשרי איז געבליבען ניי יאָהר און ווען די כהנים האָבען געפֿונען, אַז דיזער טאָג איז בעקוועמער פֿיר די גרויסע צערעמאָניען, צום הערליכקייט פֿון די כהנים !

ווייל עס איז געווען ביי אידען אַ מנהג פֿון אַלטע יאָהרען, אַז איין מאָל אין 50 יאָהר (יובל) איז אין 10 טאָג אין תשרי (ווען היינט איז יום כפור) געווען דער פ ר י י ה י י ט ס ט אָ ג. אין דעם טאָג האָט מען געטרומייטערט מיט שופרות אין גאַנצען לאַנד און אַלע קנעכט און דינסטען זיינען בעפּרייט געוואָרען און יעדער

האָט צוריקגעקריגען זיינע פֿערקויפֿטע און פֿערזעצטע פֿעלדער. (זעה פרשה בהר.)

פֿון דעם מסתמא האָט זיך ענטוויקעלט, אַז דער טאָג איז יענעם יאָהר געווען אַ פֿרייליכער טאָג און אַ יאָהרמאַרק אין ירושלים, וואוהין מענשען זיינען געקומען פֿון אַלע שטעט און דערפֿער. די גמרא דערצעהלט אַליין, אַז פֿריהער פֿלעגט דער טאָג פֿון יום כפור זיין דער פֿרייליכסטער און לוסטיגסטער יום טוב. אַלע מיידלעך און יונגע לייט זיינען אַרויסגעגאַנגען אין די גערטנער טאַנצען, האָבען זיך אומישנע אָנגעטהאָן אין געבאָרגטע קליידער כדי אָרימע זאָלען זיך ניט ברויכען צו שעהמען פֿאַר זיי.

און ווען די כהנים האָבען געזעהן, אַז דער טאָג איז אַ פֿרייַדען־טאָג פֿון פֿאָלק, ווען פֿון אַלע עקען פֿון לאַנד קומט מען זיך צוזאַמען אין די הויפּט שטאָט, האָבען זיי פֿערשטאַנען, אַז דאָס איז דער פּאַסענדסטער טאָג איינצופֿיהרען אין איהם דעם צענטראַל רעליגיאָנס־טאָג, אין וועלכען זיי, די כהנים, זאָלען אויפֿטרעטען אין הערליכקייט און די פראַכט און הערליכקייט פֿון דעם גרויסען גאָט, וואָס צוליעב איהם האָבען זיי זייער מאַכט.

אין אָנהייב איז דיזע העכסטע רעליגיאָנס־פּאַראַדע פֿון דיזע אַנציהונג שטאַרקסטען גראַד פֿון מורא און איבערגעבונג צו גאָט אין פֿאָלק, נאָך מסתמא געווען פֿערבונדען מיט די אַלטע פֿרייליכקייטען פֿון דעם טאָג. אָבער דאָס האָט לאַנג ניט געקענט בלייבען. וואַרום די טיפֿסטע פֿערעהרונג צו גאָט און די שטאַרקסטע בטל־מאַכען־זיך צו זיין גרויסקייט, הערליכקייט און שרעקליכקייט, קען ניט זיין פֿערבונדען מיט לוסטיגקייט און מיט לאָזען זיך וואויל געהן. אדרבה דאָס וועקט אויף אומעט, טרויער, ציטערנים. צוליעב דיזען פּסיכאָלאָגישען געגענזאַץ צווישען פֿורכט און לוסטיגקייט, צווישען פֿערעהרונג און פֿערגעניגען ליגט דאָס ביי אַלע מענשען פֿון נאַטור אין האַרץ די איינבילדונג, אַז וואָס מעהר מען פּייניגט און מען קוועלט דעם גוף, אַלץ נעהענטער צו גאָט איז דער גייסט.

אויף אַזאַ אופן איז עס דאָך געווען נאַטירליך, אַז ווען די ווילדע מאַסען האָבען געזעהן פֿאַר זיך אַזאַ בלענדענע פּאַראַדנע פראַכט, אַזאַ הערליכקייט; ווען זיי זיינען דאַדורך געבליבען ערשטוינט, בעגייסטערט, בטל ביי זיך; ווען מע האָט זיך דערביי־

פאָרגעשטעלט, אַז אָט זעהט מען דעם הערליכען גרויסען גאָט פאַר זיך, וואָס איהם דינט מען דאָס אַזוי — איז מען דאָך געוויס געפאַלען אויף'ן פנים אין גרויס אימה און עס האָט געציטערט דאָס האַרץ טאָמער איז מען ביי דיזען הערליכען גאָט פערהאַסט. נאַטירליך האָט זיך דאַן זעהר געוואָלט איהם איבערבעטען מיט תשובה טאָהן, קרבנות־ברענגען — די גאַנצע צערעמאָניע איז דאָך איינגענטליך געווען געמאַכט אַלס אַ בעזאָנדער'ער איבערבעטונגס־אַקט צווישען גאָט יהוה און זיין פאָלק—און נאַטירליך איז ביים עולם אין אַזאַ צייט אין גאַנצען פערגאַנגען דער חשק נאָך אין זינען צו האָבען דעם איינענעם קליינעם גוף און צו געדיינקען אָן עסען און טרינקען.

אויף אַזאַ אופן האָט מען זיך ביסלעכווייז, ביסלעכווייז אָבגע־וועהנט פון די פרעהליכקייט פון דעם טאָג און ביסלעכווייז האָט מען זיך צוגעוועהנט אין גאַנצען צו פאַסטען, צו יאָמערן, און צו בעטען.

און פאַר די כהנים איז דאָס גראַד געווען אַ גרויסע מעלה, דען וואָס מעהר פאַסטען, וואָס מעהר קליין האַלטען זיך, וואָס מעהר זעלבסט־פערניכטונג, אַלץ שטאַרקער די פאַנטאַסטישע אימה און איבערגעבענהייט צו זייער גאָט און דורכדעם — צו זיי, זיינע „נשמה אַגענטען".

דעריבער האָבען זיי דערנאָך צוגעשריבען, אַז גאָט הייסט טאַקי „זיך פייניגען", מיט וואָס זיך צו פייניגען, האָבען זיי אין די תורה ניט אריינגעשריבען, וואַרום מסתמא איז די געוועהנהייט וועגען דעם אין פאָלק נאָך דאַמאָלסט ניט געווען בעשטימט. נאָר שפעטער האָט מען ערסט אויסגעטייטשט, אַז „פייניגען" מיינט מען מיט 5 בעשטימטע פייניגונגען נעמליך: פאַסטען, באָרוועס־געהן, זיך ניט אַרומוואַשען, זיך ניט אויסשמירען, און ניט פערקעהרען מיט קיין פרוי.

אָט אַזוי איז דאָס ביסלעכווייז דער טאָג פון פרייד און פרייהייט געוואָרען אַ טאָג פון פורכט, אימה, וויינען, קלאָגען און פאַסטען, צו מעהרערע עהרע און עהרליכקייט פון — די כהנים!

ווען איינעם גלויבט זיך ניט, אַז אַזעלכע קונצען האָבען די הער־שענדע כהנים געקענט מאַכען, זאָל ער לעזען אין די אידישע געשיכ־טע וואָסערע סקאַנדאַלען, ברודער־מאָרד, מוטער־מאָרד, פאָטער־מאָרד, אינטריגעס, איבערקויפעריי, און אַלערליי נידערטרעכטיגקיי־טען כהנים גדולים זיינען בעגאַנגען, מיט דעם אײנציגען צוועק, צו האָבען די פריסטליכע מאַכט,—און ער װעט זעהן, אַז אַריינשרייבען אין די תורה אַריין, װעלכע איז געװען אין זייער האַנד, דאָס װאָס פיר זיי האָט געפאַסט, איז נאָך געװען אַן אונשולדיגעס קינדער שפיעל.